שמעון שפּונד

# דער לעצטער
# פֿון די ל״ו

לידער

פּאַריז
1950

ארויסגעגעבן מיט דער הילף פון דער קולטור־אָפּטיילונג
ביים „דזשאָינט״ אין פראנקרייך.

SHIMON SPUND

# « DER LETSTER FUN DI LAMED-WAW »
# « LE DERNIER DES PIEUX »

POESIES

הילע : מאנע קאץ



הונדערט און פופציק עקסטרא-עקזעמפלארן פון דעם בוך
זענען נומערירט פון 1 ביז 150.

PARIS
1950

# אנשטאט אַן הקדמה

אויסצוגן פון אַ פּוילישן בריוו פון
**טאַדעאוש זאַדערעצקי**
באַרימטער אָריענטאַליסט און תּלמוד־פאָרשער,
אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר אין לאָדזש.

טייערע, ליבער פריינט!

איך ווייס זייער, ווי שטאַרק דו האָסט ליב געהאַט דיין קינד! נישט איינמאָל, זעענדיק אויף מיינע אויגן די דייטשע רציחות, האָב איך מיך געפרעגט: וואָס טוט זיך איצט מיט דיין קינד, ווי אַזוי איז איר גורל?!

איך געדענק, דאָס איז געווען שוין ווינטער־צייט 1943, דוכט זיך, אין דעצעמבער, אָדער יאַנואַר. איך האָב גערעדט מיט דיין רעדאַקציע־חבר פון דער „כווילא", בראַט ז"ל. גערעדט מיט אים וועגן מצב פון אונדזערע געמיינזאַמע פריינט. פּלוצלונג איז געוואָרן אַ טומל אויפן גאַס! מיר זענען אין איינעם אַרויס און אָט וואָס פאַראַ שוידערלעך בילד האָט זיך אונז אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן:

פונם געטאָ־ראַיאָן איז געפאָרן אַ ליידיקער טראַמוויי־וואַגאָן און ער האָט נאָכגעשלעפט נאָך זיך דריי אָפענע לאָרעס. און דערנאָך אַזאַ צווייטער וואַגאָן מיט לאָרעס, אַ דריטער, אַ פערטער און פינפטער! אַרום יעדער לאָרע זענען געשטאַנען יידישע פּאָליציאַנטן מיט גומענע שטעקנס אין די הענט און

אַחוץ זיי נאָך צו צוויי אוקראַינישע פּאָליציאַנטן מיט ביקסן, גרייט צום שיסן. דער קאָמאַנדירנדיקער געסטאַפּאָ־פאַרשווין איז געזעסן אַליין אין פאָדערשטן וואָגן און אַכטונג געגעבן אויף אַלץ.

און אין די לאָרעס?

כמעט גאַנץ נאַקעטע, אין צעריסענע העמדלעך אויף אַ הויך־גראַדיקן פראָסט, איבערגעשראָקענע, הונגעריקע און פאַרפרוירענע — זענען געזעסן נאָר קינדער! צענער, הונדער־טער! נאָר מיידלעך — ווייל די דייטשע סיסטעמאַטישקייט האָט נישט דערלאָזט צו קיין צונויפמישונג. מיידלעך, נעבעך אין די יאָרן פון דריי ביז אַרום צען!...

זיי זענען געזעסן צונויפגעקורטשעטע, צוגעטוליעטע צו זיך און ציטערנדיק פאַר קעלט און שרעק! זיי האָבן אפילו נישט געוויינט... נאָר מיט אַ שטומפּיקן אויג, וואָס האָט גאָר־נישט געזען, האָבן זיי שטייף געקוקט אויף די פאַרביילופּנ־דיקע הייזער און מענטשלעכע פּנימער... אַ בילד, וואָס קאָן נישט איבערגעשטיגן ווערן אפילו פון די שרעקלעכסטע קאָש־מאַרן פון דאַנטעס „גהינום"!...

און איבער דעם צוג פון די מינדעריעריקע „פאַרברעכע־רינס", וואָס האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט אפילו אָנצו־הויבן צו לעבן און וואָס האָבן שוין „פאַרדינט" דעם אומפאַר־מיידלעכן טויט פאַר זייער „שולד", פאַר זייער ווילן צו דערזאָ־בערן די וועלט, פאַר זייער חטא פון אַרויסרופן די מלחמה, פאַר זייער „שנאה" צום מענטשלעכן מין... — איבער אָט דעם צוג — זענען געשטאַנען די הכנעהדיק־אויסגעצויגענע, העלדישע פּי־גורן: די יידישע פּאָליציאַנטן מיט די גומע־פּאַלקעס און די אוקראַינישע מערדער מיט ביקסן גרייט צום שיסן!... אַן עס־קאָרט לויט אַלע כללים פאַר אַזאַ „געפערלעכן עלעמענט", פאַר די קליינטשינקע, מיט געוואַלד געצווונגענע פּאַסאַזשיר־קעס אין די לאָרעס...

און איך ווייס נישט, פאַרוואָס, אפשר אונטער דעם איינ־פלוס פון מיין געשפּרעך מיט דיין חבר בראַט, האָב איך דיך, מיין פריינט, דערזען פאַר מיינע אויגן, דיך און דיין איינציק קינד!... אפשר — האָב איך געקלערט — איז זי שוין נישטאָ און אפשר מאָרגן־ אָדער איבערמאָרגן וועט זי דערגרייכן דער

אומברחמנותדיקער פסק־דין פון היטלערן? ווו ב י ס ט ו
און ווו זענען דייניקע, און וואָס טוט זיך מיט דיר?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, וועגן די שרעקלעכע יאָרן דאַרף מען שרייבן, שרייבן אַזוי, אַז יעדעס וואָרט זאָל אויסשרייען מיט זיין אומגלויבלעכן פחד פאַר אייגענע און פאַר פרעמדע — פאַר די, וואָס זענען דאָ, און פאַר די, וואָס וועלן נאָך קומען! אפשר וועט יאָ ווען עס איז קומען אַ מאָמענט, אין וועלכן די מענטשהייט בכלל — (און אפילו די דייטשן בתוכם) וועלן בכוח זיין צו דערפילן ווי מענטשן אין פולן זינען פון וואָרט, נישט נאָר צוליב דער נאַ־טור־וויסנשאַפטלעכער נאָמענקלאַטור אַליין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, דערציייל דעריבער און זאָג דער וועלט, וואָס עס האָט זיך געטאָן, וואָס עס טוט וויי דיר און דיינע נאָענטע! שרייב וועגן די אומבאַשרייבלעכע רציחות נישט בכדי צו וועקן דעם גייסט פון נקמה, נאָר בכדי זיי זאָלן נישט פאַרגעסן — און נישט פאַרגעבן ווערן פאַר דער צייט!

דיין

טאַדעאוש זאַדערעצקי

לאָדזש, 3 אפריל 1947

דעם געהייליקטן אָנדענק פון: מיין ליב טעכטערל

**ס ל אָ ו ו ע**

געבוירן אין יאַנואַר 1935 אין לעמבערג, פאַרכאַפּט דאָרט פון די דייטשע רוצחים און אומגעקומען אין סעפּטעמבער 1942 מיט אַ שרעקלעכן טויט אין די גאַז-קאַ-מערן פון בעלזשעץ

**א ו י ף ק י ד ו ש ה ש ם ,**

פון מיין פאָטער **ח י י ם**, מיט מיין איינ-ציקער שוועסטער **מ א ל י ע**, מיינע ברידער: **מ א י ר , י ה ו ד ה - ל י י ב , ש ל מ ה - ז ל מ ן** און **י צ ח ק** מיט זייערע גאַנצע משפּחות ז״ל.

(— אין געטאָ פון סטאַניסלאַוואָ: —)

אויף דעם מזבח פון זעקס מיליאָן אומשול-דיקע יידישע קרבנות! —

אַ טרער וויל קיינמאָל זיין געפאַרבט
אפילו אין טייכן בלוט!
ווען ביי אַ מענטש דאָס ליבסטע שטאַרבט —
ער זוכט אין טרערן — גנאָד...

## מיין קנאָספּ...

אַ גערטנער שעדיקט נישט קיין קנאָספּ —
ער בענטשט אים נאָר, ער בענטשט אים שטום;
מיט טיפער תּפילה וואַרט ער טריי,
כּדי צו זען זיין בלום...

אין גאָרטן איז געווען ביי מיר
איין קנאָספּ, איין קנאָספּ — נאָר איינער קוים...
דאָך האָט דער טייוול אים געשענדט,
פאַרברענט אים מיט דעם בוים!...

## אויסגעהאַקטע בוימעלעך...

אויסגעהאַקטע בוימעלעך,
יידישע יתומה'לעך —
אָ, וווּ טרייבט מען זיי?

ווילד־צעפּליקטע בלימעלעך,
מיילעכלעך אָן שטימעלעך
פול מיט אָך און וויי...

אָן אַ נעסט, די פייגעלעך,
טרויעריק שוואַרצע אויגעלעך
מיט טרערן אָן אַ שיעור. —

פאַרבלוטיקט־לייכטע קליידעלעך —
און צווישן זיי מיין מיידעלע! —
ווי וויי, ווי וויי איז מיר!...

## שאטנס...

קומט אַ שאָטן מיט צוויי פליגל,
פול מיט דערנער זענען זיי,
זעצט זיך ביי אַ קינדער־וויגל
און פאַרוויגט זיין ווילדן ווײ...

קומט אַ שאָטן בלינד אָן אויגן,
פון הייסע טרערן אויסגעברענט,
קומט פאַרבלוטיקט, איינגעבויגן
און פאַרברעכט די דאַרע הענט.

קומט אַ שאָטן אָן די גלידער,
ווי אַ הויפן צער און שרעק,
ווי אַ ווידער־קול פון לידער,
פון אַ הייסן פלאַם פאַרדעקט.

קומט אַ שאָטן ווי אַ שייטער,
ווי אַ נישט־דערברענטע קויל,
ווי אַ פלאַם, אַ נישט־באַפרייטער,
ווי אַ בלוטיק־שוואַרצער קנויל.

קומט אַ שאָטן ווי פון טרערן,
פון מיליאָנען אָפּגעקרענקט —
און אין כאָר עס לאָזט זיך הערן
נאָר איין וואָרט: „געדענקט!"...

# הענגט אַ שוואַרצער טרויער־שלייער...

הענגט אַ שוואַרצער טרויער־שלייער
שווער אויף אונדזער גאַנצן נעכטן,
ווי אַ לעצטער פלאַם פון פייער,
וואָס וויל גאַל מיט האַרץ פאַרפלעכטן...

שוואַרצע, שווערע טרויער־פליגל
שפּרייטן אויסעט זיך אָן רושם,
וויגן איין אין טויטן־וויגל
מיליאָנען יידישע קדושים...

## קדיש בלאָזן אַלע ווינטן...

קדיש בלאָזן אַלע ווינטן,
קדיש ווייַנט אין יעדן הויז — —
קדיש אויבן, קדיש אונטן,
אין די חורבות פֿון דער קלויז...

יזכור מורמלען אַלע בוימער,
יזכור אין בית־עולם־ליכט,
אין צעשטערטע קברים־שטיינער,
אין די שוואַרצע טעג און נעכט!...

## ס׳קומט אָפּט אַ קלאַנג . . .

ס׳קומט אָפּט אַ קלאַנג פון נעבן האַרץ
און פליט אין הימלען הויך — —
אַ מיידעלע, אַן אויסגעדאַרטס,
צעשווימט פאַר דיר, ווי רויך...

פון דער נשמה קומט אַ קלאַנג
פון טויזנט טונק׳לע פאַרבן — —
דעם מוח פאַרסמט אַ וויי־געדאַנק
פון בענקשאַפט און פון שטאַרבן !...

# בענקשאַפט

## א.

אַ זכר פון געבענטשטע טעג
פֿאַרגייט נישט מיט אַמאָל,
ווייל די נשמה אין געיעג
נאָך גליק, קלינגט שאַרף ווי שטאָל...
אין יעדן קלאַנג די בענקשאַפט וויינט
און ציטערט אויף צוריק,
ווייל מיט דעם נעכטן לעבט דער היינט
און לעכצט נאָך אַלטן גליק...

די בענקשאַפט ווי אַ קאַלטע זעג
מיט ציינער שאַרף ווי שטאָל,
שניידט דורך מיט זיך די שוואַרצע טעג
און קלינגט: „געדענקסט, אַמאָל... ? !"
און יעדער קלאַנג איז ווי אַ כאָרכל
פון גסיסה און פון טויט —
און ווי אַ לעצטער פלאַקער־שאָרך
פון אויסגעלאָשענעם קנויט...

## ב.

עס בענקען די אויגן, די ליפּן, די הענט,
עס ווערן פאַר בענקשאַפט די נערוון פאַרברענט;
עס וויינט די נשמה, דאָס האַרץ, דער געדאַנק,
פאַרבענקט נאָך אַן אָטעם, נאָך אַ בלום, נאָך אַ זאַנג...
און כאָטש נאָך אַ שאָטן פון טייערן קינד —
און כאָטש נאָך אַ הערל — געבראַכט פון דעם ווינט!..

## קומט אַהער! ...

קומט אַהער, איר צאָרן־פּאַרטייטשער,
קומט, קוקט אָן די טויטע וועלט!
זעט, געדענקט, וואָס קאָן דער דייטשער
פעלקער־פרעסער, דייטשער „העלד"...

קוקט אייך אָן די חורבות־גאַסן,
אָפּגעמעקט פון שאַנד און בראַנד!
אונטער זיי די העלדן־מאַסן,
אונטער זיי — געפיל, פאַרשטאַנד...
אונטער זיי, ישראל'ס קהילות,
אונטער זיי — אַ ים פון בלוט!
אונטער זיי — דערשטיקטע תפילות!...

באַגראָבן כביכול'ס גנאָד — — — !

הערט זיך איין אין ווידוי־רופן,
הערט דאָס שוואַרצע שווייגעניש — — —
טרערן פון די חורבות טריפן!

אָ, וואָס שטייט איר, גאַנץ פאַרחושט!

פאַלט אַנידער אויף די קניען
פאַר דעם ערשטן, בעסטן הויז,
וווּ די געטאָ־העלדן רוען —
פאַלט אַנידער, ווײַנט אייך אויס!...

# מיין טאַטע...

מיין טאַטע איז געשטאָרבן פון הונגער
מיט אַ „נאַטירלעכן" טויט,
געענדיקט אין היימישן געטאָ,
פאַרשמאַכט נאָך אַ קרישקעלע ברויט.

פיר זין מיט ווייבער און קינדער,
איין טאָכטער מיט מאַן און קינד,
זיי האָבן אים אַלע געזעגנט — —
(זיי זענען נישטאָ שוין אַצינד).

עס האָבן אים ייִדן אין געטאָ
אַלע ווי איינער באַוויינט.
באַגראָבן אים לעבן מיין מאַמען,
אַזוי ווי ער האָט געמיינט...

מען האָט אים אין געטאָ באַוואונדערט,
זיים אים מקנא געווען,
אַז נישט דורך גאַז און דורך פייער
ער האָט זיין טויט געזען...

איך איינער בין דאָרט נישט געוועזן
און האָב נישט קיין קדיש געזאָגט,
נאָר ווייט פון מיין טאַטנס לוויה
האָט מיך אַ בענקשאַפט גענאָגט.

איך האָב אין אַ ווייטער תפיסה
געפילט, ער גייט פון דער וועלט,
געוווּסט, אַז מיין טאַטע געדענקט מיך,
מיין טאַטע, פון טויט פאַרשטעלט!

און ווייט, אין אַ קאַלטער תפיסה,
איך האָב אים וואַרעם געדענקט —
און היינט, אין פרייערע קאַנטן,
כ'בין אַליין נאָך אים פאַרבענקט!...

# נישט קיין חלום...

נישט קיין חלום איז דאָס, ניין...
זי קומט ביינאַכט צו מיר צו גיין —

און כאָטש איך ווייס, זי איז נישטאָ,
איז זי באמת מיט מיר דאָ...

ווי מוזיק קלינגט איר טיפער קרעכץ —
איך ווייס, זי ברענגט מיר נישט קיין שלעכטס...

און כאָטש זי שוויגט — כ'ווייס, וואָס זי וויל:
זי קוקט מיר אין די אויגן שטיל...

פון צייט צו צייט זיווישט אַ טרער,
אַ רויטע טרער און אָטעמט שווער...

זי דריקט מיט ציטער מיר די האַנט
און גייט צוריק אין שוואַרצן לאַנד — —

עס בלייבט אין מיר איר טיפער בליק,
ער בלייבט —
און זי אַליין קומט נישט צוריק!...

## אויף די בוימער...

אויף די בוימער, אויף די צווייגן
ליגט דער פראָסט ווי ווייסער זשאַווער,
ווייט אין פעלד די קבֿרים שווייגן —
אונטער זיי אַ פריינט, אַ חבֿר...

אויף די בוימער, אויף די צווייגן,
גרינע בלעטער, ווייסע בליטן,
אין דעם שמעקנדיקן שווייגן
ווינקט צו מיר אַ קנאָספּ אין מיטן...

ווינקט צו מיר אַ קנאָספּ, אַ ווייסע
אָן אַ שטענגל, אָפּגעבראָכן — —
גלאַנצט אין איר אַ טרער, אַ הייסע,
פון נישט־אויסגעוויינטע שלאָכן...

## פליגל ...

האָט די בענקשאַפט אָפּגעפּענטעט,
אָפּגעבונדן מיינע פליגל,
ביידע פליגל — אָפּגעברענטע,
ווי פון חורבות — ציגל...

שטיי איך מיט געליימטע פליגל
און זע פויגל פליען
צו אַ נעסט און צו אַ וויגל —
און איך קאָן נישט רוען!...

# מאַך צו די טירן פון דיין האַרץ...

מאַך צו די טירן פון דיין האַרץ,
אויף ריגלען זיי פאַרמאַך;
זאָל יעדע ווייכקייט זיין פארשטארצט
און די נשמה וואַך!

און יעדער נערוו אַ קייט פון שטאָל,
אַ האַמער יעדער בליק!
און קומט דיין בענקשאַפט מיט אַמאָל —
קוק זיך נישט אום צוריק...

## אַליין מיט זיך . . .

אַליין מיט זיך — גאַנץ, גאַנץ אַליין,
נעם איך מיין האַרץ איןביידע הענט —
מיין אָרעם האַרץ, שווער ווי אַ שטיין
און שוואַרץ פאַר צער, פאַרברענט!

עס צאַפּלט היים און וויינט מיט בלוט,
כאָטש ווידער איז די וועלט באַגרינט — —
די קברים גרין און פול מיט גנאָד
לבנה־סעלעדין...

## וואַרעמקייט...

ווידער צווירקען פייגל — ווידער...
זיי האָבן וואַרעמקייט דערפילט,
אויף די פעלדער, קלינגען לידער — —
ס'האָט דער פרילינג זיך צעשפילט...

זינגען שוין די זשייוואָראָנקעס,
זשומען בינען אומעטום — —
טויזנט קולות אויף די לאָנקעס —
נאָר מיין קינד איז שטום...

## דאָ...

דאָ האָט ער זיך מיט זיי געחברט,
דאָ האָט ער זיך מיט זיי געקושט,
ביי טאָג, ביי נאַכט זיי נאָכגעלאָפן,
באַהערשט זייער בעט און זייער טיש;
דאָ האָט ער טרערן פון אַ בענקשאַפט
אויף תמיד, תמיד אָפּגעווישט...

דאָ האָט ער איינגעוויגט די קינדער,
דאָ האָט ער זקנים רו געבראַכט,
דאָ יונגעלייט מיט זיך פאַרבונדן
און אָפטמאָל וועגן זיי געלאַכט;
זיין אומדערמידלעכקייט באַוויזן
סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט...

אפילו אין קעלערס האָט ער יידן
פאַרלייכטערט זייער שווערע נויט,
געלאָזט פאַרגעסן יעדן מאַנגל
פון אַ שטיקל טרוקן ברויט,
געלאָזט זיך אומעטום דערקענען:
„דאָס בין איך — דער ברוינער טויט...!"

# א יעדע גאַס...

אַ יעדע גאַס הייסט: פּילן! פּילן!
אַ יעדעם הויז רופט הויך: „געדענק"!
קיין וואַנט, קיין ציגל לאָזט פאַרקילן
דעם בראַנד פון ווייטאָק און פון קרענק...

אין מיר, אין האַרצן, זענען חורבות!
אָ, פון מיין בלוט די ציגל רויט...
דורך זיי געגאַנגען נאַקעט, באָרוועס,
איז דאָס טייערסטע צום טויט!

אָ, וויפל שרעקלעכע מחשבות
מיין קינד האָט דורכגעלעבט אין לייד!
אַרויסגעקוקט דעם מלאך־המות
און צו זיין חלף זיך געגרייט — —

אַ יעדע גאַס הייסט: פּילן! פּילן!
אַ יעדעם הויז רופט הויך: „געדענק"!
קיין וואַנט, קיין ציגל לאָזט פאַרקילן
דעם בראַנד פון ווייטאָק און פון קרענק...

## אויב מען ווינט...

אויב מען ווינט אין אַלע וועלטן
און מען וויל אַ וועלט פֿאַרשעלטן,
מיט אַ ווײ פֿאַרשעלט מען זי...

אויב מען גלעט זי מיט חניפֿה,
מיט פֿאַרנײיגונגען, מיט טיפֿע,
מען צעברעכט אַזוי איר קני...

זעט די וועלט פֿון די תּלינים,
אין חניפֿות שוין סימנים
פֿון אַ נײעם מאַסן־מאָרד?...

אָ, זי וועט דערפֿאַר באַצאָלן!...
אויף דעם חשבון וואַרטן קללות
פֿון אַ בלוטיקן אַקאָרד!...

## אַ בית־עולם כ׳טראג אין האַרצן

אַ בית־עולם כ׳טראָג אין האַרצן
פול מיט קברים אָן אַ שיעור,
קברים פרישע און צעשטערטע
אַרום מיר און טיף אין מיר...

יעדע רגע — קבר־אבות —
הארבסטיק קלאָגט אין מיר אַ ווינט ;
צווישן קברים וויינט און ציטערט
איינזאַם מיין פאַרבלאָנדזשעט קינד...

## איר לעצטער בריוו

עס ליגט פאַר מיר איר לעצטער בריוו
מיט אותיות, מיט רונדע...
ווי טיף ער האָט צערירט, ווי טיף,
אין לאַנגער מיינע ווונדן!

„וואָס שרייבסטו נישט?" — מיך פרעגט מיין קינד:
„ווייסט טאַטעשי, געטרייער,
אַז כ'האַלדז דיר תמיד אויך אַצינד
און וואַרט, זאָלסט ווערן פרייער,
זאָלסט קאָנען קומען, קומען גלייך,
מיר זאָלן זיין צוזאַמען —
און ברענגען בלומען, שיינינקע,
פאַר אונדזער גוטער מאַמען!
זי זאָל דאָרט פילן און פאַרשטיין,
אַז ביסט מיט מיר אינאיינעם,
אַז גייסט אַרוים מיט מיר פאַרטאָג
צום בערגעלע, צום קליינעם"...

❦

פון הייסע טרערן איז דאָס פאַפיר
פון בריוול דורכגעפרעסן,
ווי בענק איך טאָג און נאַכט נאָך איר! — — —

ווער קאָן זיין קינד פאַרגעסן?!...

## ווינטן...

אָ, וויפל מען האָט שוין ביז היינט געזאָגט
אין ווערטער, אין ביטערע קלאַנגען!
צו דעם, וואָס אונז ברענט, צו דעם, וואָס אונז נאָגט,
איז קיין וואָרט, קיין קלאַנג נישט דערגאַנגען!

און וויפל מען האָט ביז היינט נישט געקלאָגט
פאַר די וויכערס, וואָס טראָגן די אשן —
קיין וואָרט, קיין קלאַנג האָט דעם ווינט נאָך דעריאָגט,
ער לאָזט זיך שוין נישט איבעראַשן...

עס טרעפט נאָר ערגעץ, אַמאָל, ווען עס טאָגט,
אַז ווינטן בלאָזן מיט אומעט — —
ווינטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעפּלאָגט
און ווילן זיך שטילן אויף תמיד...

## ווי ווייל!...

ווי ווייל, ווי שיין עס וואָלט געווען,
ווען כ'זאָל דיך היינט נאָך קאָנען זען
אין פולן גלאַנץ פון בליען!

און כאָטש די וועלט איז ווילד און קרום,
וואָלט פון אַ קנאָספּ ביי מיר אַ בלום
געוואַקסן פול מיט צאַרטקייט...

זי וואָלט געטרייסט מיין וויי־געדאַנק,
געקוויקט מיין האַרץ מיט אַ געזאַנג
וועגן חלומות פרייע — —

ווי ווייל, ווי ווייל עס וואָלט געווען,
ווען כ'וואָלט דיך, טאָכטער, נאָך געזען
פאַרטרוימט וועגן אַ חופה...

ווען ס'וואָלט דיין טרער זיך מיט מיין טרער
פאַרמישט... אָבער ווי שווער, ווי שווער,
צו שאַפן נאָר מצבות!...

# פירט זיי אַהיים!...

איר יידישע עלטערן מיט אייגענע קינדער,
פאַרטראַכט אייך און לעבט ניט פאַר זיך נאָר באַזונדער,
אַז אויב ס'איז באַשערט אייך אַ גליקלעכער גורל,
פאַרטראַכט אייך, וואָס אַנדערע האָבן פאַרלוירן!
פאַרמאַכט ניט די הערצער און עפנט די אָרעמס
פאַר מזרח און מערב, פאַר צפון און דרום!

פאַראַנען נאָך קינדער ביי שוואַרצע מאָנאַכן,
ווייסינקע הערצער, וואָס זיפצן און וואַכן,
געגנבעטע יידישע קינדערלעך, בלייכע,
יתומה'לעך יונגע, כמעט אָן אַ צייכן,
וואָס נאָך ווי אין חלום געדענקען ביים וויגל
פון זייער מאַמען אַ יידישן ניגון...

פאַראַנען אַ דור נאָך, אַ יונגער, אין ריגלען,
מיט הערצער פאַרקרומטע, צעבראָכענע שפּיגלען — —
קינדער, ווי טויבן פאַר פרעמדן מזבח,
געשאָכטע'נע נשמות, פאַרסמט מיט אַ ריח
פון קטורת און שקר, פון פאַלשקייט און צביעות!
אין אייערע הענט ליגט פאַר זיי די ישועה...

זיי קניען פאַר צלמים און וואַרטן און האָפן,
אַז קומען צו זיי וועלן די, וואָס אַנטלאָפן,
אַז ברייט וועט זיך עפנען פון קלאַשטאָר דער טויער
און ווידער אַ יידישער ניגון אין אויער
וועט קלינגען פאַר זיי ווי אַ רוף פון באַפרייאונג
און פירן אַרויס זיי אין לאַנד פון באַנייאונג!

פאַרמאַכט נישט די הערצער, ברייט עפנט די אָרעמס!
עס זיפצן יתומות און ס'מאָנען די קברים:
„ישראל, אָ, ווי לאַנג עס וועט נאָך געדויערן,
ביז עפענען ברייט וועסט די גוישע טויערן
און ווידער אַהיים פירן אייגענע קינדער
און לאָזן פאַרשטיין זיי די האַרציקסטע ווונדער"...

## ווער ? ! . . .

ווער קאָן אונדזער צער דערציילן,
ווער קאָן אונדזער וווּנד פֿאַרהיילן —
ווער ?

ווער קאָן אונדזער אָפּגרונט פּילן,
זיך מיטן מלאך־הדומה שפּילן —
ווער ?

ווער קאָן זאַמלען אונדז'רע טרערן,
ווער צו פֿליסן זיי פֿאַרווערן —
ווער ?

ווער די ברעגעס קאָן דערגרייכן
פֿון די בלוטיק־דווּטע טייכן —
ווער ?

ווער קאָן זאַמלען אונדז'רע ביינער,
שאַפֿן פֿון זיי ווינקל־שטיינער —
ווער ?

דער צעשמעטערער נאָר, דער איינער,
ער, וואָס ברעכט און בויט — מער קיינער,
ער !...

# אין לאַגער...

אין טויטן־לאַגער האָט אַ חסיד געזאָגט
צו זיין גוססדיקן רבי'ן:
— „רבי, כאָטש די נשמה קלאָגט,
ווייל איר גאָט קיין תשובה געבן!
דוכט זיך, אַז ער וויל זיין פאָלק פארדארבן!...
רבי, אָט האַלט איך שוין ווי איר, ביים שטאַרבן — —
ווו זענען, רבי, אַלע ניסים
און הבטחות פון צדיקים?!
רבי, אַ געלעכטער איז בדיקת־חמץ
אויב עס פעלט דער גאַנצער סדר...
פאַרשטייט נישט גאָט, אַז אַ מאַשין אָן רעדער
קען נישט ליפערן קיין סחורה?
ווי אַ זייגער אָן אַ פעדער
זענען בני־סיני אָן דער תורה!..."

— „אָבער אייביק לעבט דער בורא!" —
האָט דער רבי שטיל געענטפערט.

— „אייביק, רבי? אדרבא!..."

— „יתגדל ויתקדש שמה רבא" — —

דער רבי האָט אַ ווונק געטאָן מיט זיין דאַרער האַנט,
שטיל אויסגעדרייט זיך צו דער וואַנט

און קדיש אָפּגעזאָגט פֿאַר זיך אַליין,
אַליין פֿאַר זיין אייגענער נשמה...

פֿאַרטאָג האָט מען געלייגט אים אין אויוון אַריין,
זיין הויט און ביין פֿאַרדאַרט, אָן פֿלייש...
פֿאַרברענט דעם רבי'ן מיט זיין האַרץ און מוח ;

און ער איז אַזוי מיט פֿלאַם און מיט רויך
געוואָרן אַן עמוד־אש,
געוואָרן אַן עמוד־ענן,
אַ שוואַרץ־פֿייערדיקע פֿאָן צווישן מיליאָנען פֿאָנען
פֿון הייליקן פֿאָלק ישראל...

## ר׳ משה שוחט

ר׳ משה שוחט פון סטאַניסלאַוו,
אַ למדן, אַ טיפער בעל־תורה,
אַ וווּנדער־באַרער חזן צוגלייך,
געלויבט האָט מיט תפילות דעם בורא.

ווען יעדן שבת און יום־טוב האָט
פאַרן עמוד ר׳ משה געזונגען,
האָט אויף זיין פּנים די שכינה גערוט,
פון זיין האַלדז האָבן פידלען געקלונגען.

זיין „ברכו" און זיין „נשמת כל חי"
אָדער זיין הערלעכער „הלל",
האָט מיטגעריסן די גאַנצע שול,
דערציטערט האָט אַלע מתפּללים.

אין ברייטן, שוואַרץ־ווייסן טלית פאַרהילט,
ער האָט פאַרבאָרגן די טרערן...
אַמאָל נאָר עס האָט זיך אויפגעדעקט
זיין הויכער און הערלעכער שטערן.

אַמאָל נאָר עס האָבן פול גלאַנץ געברענט
צוויי שוואַרצע, הייליקע אויגן,
וואָס זענען מייסטנס געווען פאַרגלייזט,
ווען ער האָט געדאַוונט געבויגן.

זיין לעבן האָט ער פאַרדאַוונט אַזוי
מיט איינינקלעך, אייג׳נע משוררים,
מיט ברכות און תפילות און זיסן געזאַנג
מנצח געווען יעדן שטורעם...

ביז ענדלעך ס׳האָט דער תליון, דער דייטש,
אויך די שטאָט סטאַניסלאַוואָוו פאַרנומען — —
נאָר משה שוחט געגלויבט האָט אין גאָט
און געלאַכט פון דעם דייטשן המן...

ווען פאַר דעם עמוד געזונגען האָט
זיין „נשמת כל חי״ ר׳ משה,
זענען די דייטשן אין שול אַריין,
כדי זיך מיט בלוט צו באַרוישן!...

געפאַלן זענען די ביטערע קלעפּ
ווילד אויף זיין קאָפּ און דעם שטערן!
כאָטש פון ר׳ משה׳ן זיין בלוט האָט געשפריצט,
זיין קלאַנג האָט געלאָזט זיך דערהערן:

„איך ווערדע אייך זינגען אויף דויטש, אויף דויטש,
איר דויטשען זאָלט מיך פערשטעהען:
איר ווערדעט געוויס פערלירען דען קריג,
אונד היטלער ווירד אונטערגעהען!״...

און ווידער שלאָגן די רוצחים ווילד,
און איינער פון זיי האָט געשאָסן — —
„שמע ישראל!״ — און ר׳ משה פאַלט —
זיין טלית פון בלוט־שטראָם פאַרגאָסן!

דאָך פאַר דעם עמוד ברענען די ליכט
אין דער גרויסער, אַלטער מנורה — —
אַרום און אַרום צעפלאַקערט די שול
לכבוד דעם הייליקן בורא!

אין פלאַם און אין רויך עס הערט זיך אַ שיר,
אַ בת־קול פון הייליקע הויכן,
און משה שוחט׳ס נשמה האָט
געשיקט נאָך איר לעצטן זייכן!...

# אין געטאָ

די שול אין געטאָ האָט היטלער פֿאַרברענט,
געבליבן דאָרט נאָר דער קלויסטער:
אויפֿן צלם ישו מיט אָפֿענע הענט
צעלייגט, אַ גאַנץ אַנטבלויזטער.
און אונטער אים מתים אָן אַ צאָל
פֿון טאַטעס און מאַמעס און קינדער;
איבער זיי דייטשן מיט אייזן און שטאָל,
תּלינים און בלוטיקע שינדער.

הענגט דאָרט דער גיפּסענער זון פֿון גאָט,
גאַנץ נאַקעט און באָרוועס אָן הויזן,
בן־מרים שווייגט און פֿאַרשווייגט אַ סוד,
ער זעט נישט דעם „ערישן" חוזק — —
אויף אַ זייט דעם קאָפּ אַראָפּגעגנייגט,
ער שווייגט, כאָטש די דייטשן ברומען
און טראַכט כמעט ווי איבערציייגט,
אַז „משיח" איז שוין געקומען...

## ימים־נוראים נאָכן חורבן...

וווּ זענען אין פּוילן מיליאָנען טליתים
אין טויזנטער בתּי־מדרשים ?
וווּ זענען די תּפילות, די ברענענדיק הייסע,
פון מאַמעס די האַרבע בקשות ?...

וווּ זענען די אויגן, פאַרגלייזט פול כּוונה,
די אָרעמס, געשטרעקטע צום הימל ?
די ליפּן, וואָס מורמלען : „על חטא שחטאתי" !...
די זקנים, וואָס וויינען פאַרדרימלט ?

וווּ זענען ביים עמוד די זיסע חזנים,
וווּ זענען די הייליקע ספרים ?
וווּ זענען די דרשות פון אַלטע רבנים ? —
פאַרשווונדן אפילו די קברים !

פאַרלאָשן, פאַרפינצטערט, דערשטיקט און געקוילעט,
צעשטערט און פאַרברענט און געשענדעט !
נישטאָ שוין קיין יידישע מאַסן אין פּוילן,
פון בלוטיקסטן שונא פאַרענדיקט — — !

די יידן, די לעצטע, וואָס זענען געבליבן,
צו זוכן די הייליקע מתים,
זיי האָבן נקמה אין האַרצן פאַרשריבן,
פאַרגעסן אָן נייע טליתים...

## דער לעצטער פון די לאַמעד־וואָוו...

די געלע לבנה האָט זיך צעלאַכט,
אַ גריל האָט צעלאָזט איר שפּיל —
און מילד איז געווען די זומער־נאַכט
און רייך און פול מיט געפיל...

און ערגעץ־ווו אונטער אַ סטויג פון היי
האָט זיך באַוויזן אַ ייד,
ווי שוואַרצע לאַמטערנעס די אויגן צוויי — — —
וואָס טוט ער? ער פאַלט און קניט...

יאָ, ער קניט און קוקט צום הימל אַרויף
און שטרעקט אויס אַ דאַרע האַנט,
גלייך ווי דער הימל וואָלט געווען זיין בעל־חוב,
וואָס שולדיקט אַ משכון, אַ פאַנד...

די געלע לבנה האָט זיך פאַרטראַכט,
די גריל האָט פאַרהאַלטן איר שפּיל —
און שווער איז געוואָרן די זומער־נאַכט,
פאַרסמט פון איר יעדער געפיל...

פון וויטנס האָט לאַנג געשלעפּט זיך אַ צוג
מיט יידן, געטריבן צום טויט —
מיט זקנים, פאַרפייניקט אין שרעקלעכן קלאָג,
מיט קינדער, צעקוועטשטע, ווי קויט!...

די געלע לבנה האָט אַלץ געוואַכט,
געכליפּעט פאַרשטעלט די גריל;
געשפּענסטיש דער ייד האָט מיט גאל זיך צעלאַכט,
געשריגן צום הימל ווי דול:

„דאַרף איך נאָר דיין גרויס באַוואונדערן,
אייביקייט זען אין דיין מאַכט — ?!
שווייגן ווענן מיינע ווונדן,
פון דיר דורך אשמדאי געבראַכט!?...

אַלץ פאַרהילן כ'זאָל די שרעקן,
פון וועלכע מיין נשמה ברענט?
נישט אַנטפּלעקן, נישט אויפדעקן
דיר, ווי איך האָב דיר דערקענט?!

בייגן זיך פאַר דיין אכזריות?
הלל־שבחים פאַר דיין גרויל — ?
אַ גליק צו זיין די הויפּט־כפּרה
פאַר דיין פוילן מענטשהייט־קנויל?!

זיין דיין איוב פאַר די פעלקער,
לאָזן צאַפּן זיך מיין בלוט?
מעלק מיך, מעלק מיך, גרויסער מעלקער...
געטלעך, געטלעך איז דיין מוט!

האָסט אין מיר די פּרה אדומה...
מעלק מיך אויס...! טרינק זיך אָן מיט זאַפט
פון מיין האַרץ די ווילדע טומאה,
שענק איר וווּנדער פון דיין קראַפט!..."

*

דערווייל איז פאַרשוווּנדן דער שרעקלעכער צוג,
פון וווייטן נאָר הערט זיך אַ פייף — —
דער ייד האָט פאַרענדיקט זיין גרויליקן קלאָג,
אַוועקגעפאַלן ווי שטייף!

אונטער דעם האַרצן דערפֿילט האָט אַ קלעם
דער לעצטער פֿון לאמעד־וואָוו,
געפֿאַלן מיט קלאָג־רוף אויף קידוש־השם
און מער נישט געוועקט זיך פֿון שלאָף — —

די געלע לבנה האָט זיך פֿאַרמאַכט,
מיט וואָלקנס שווער זיך פֿאַרהילט —
און שוואַרץ איז געוואָרן די זומער־נאַכט,
די גריל האָט מער נישט געשפּילט...

# דער בעש״ט

נאָר איינמאָל ער האָט זיך באַוויזן
צווישן די חורבות אַליין,
געפּלאָנטערט זיך צווישן די שטיינער,
אַ זקן, אַן עלנטער שטיין,
דער בעש״ט — —

„ווער זוכט מיך, ווער דאַרף מיך, ווער רופט מיך?"
ער פרעגט אַליין די שטיינער, פאַרשטיינט:
„איך בין דאָ, איר קינדער פון גאָטס,
אָ, קינדער, פון חלף פאַרווייגט...!
איך בעש״ט...!"

נאָר ס׳ענטפערט קיין וואַנט, קיין צעשטערטע,
קיין שטיין און קיין ציגל, קיין דאַך — —
אַ גהינום פון שטילקייט און שווייגן,
אַ בלוטיקער, דאַרניקער שליאַך
פאַרן בעש״ט!...

דאָ הויבט ער צום הימל די אויגן,
לאָזט שטיל אַ טרער נאָך אַ טרער,
רייסט קריעה און ווערט באַלד פאַרשוווּנדן! — — —
און זייט דעם ער ווייזט זיך נישט מער,
דער בעש״ט...!

## ווו נעמט מען ? ! . . .

ווו נעמט מען די סביבות פון יענע ישיבות,
ווו זיידעס און טאַטעס זענען געזעסן
און פלעגן ביים לערנען די דאגות פאַרגעסן ?

ווו נעמט מען די שטימונג פון קלויזן, פון קרומע,
פון זאָגן תורה און פון שלש־סעודות —
און פון אַ ווינקל אַ זיפץ ביחידות ?...

ווו נעמט מען מאמינים מיט זיסע נגונים,
ווו נעמט מען דעם צויבער פון בין־השמשות,
פון שעפטשן אין האַרצן פאַרבאָרג'נע בקשות ?...

ווו נעמט מען כוונה ביי קידוש־לבנה,
מנינים, וואָס זענען מיט ליכט דאָ געשטאַנען — — —
ווו נעמט מען ? ! — ווען אַלץ איז אַוועק מיט די פלאַמען ? !

## דורות שפּעטערדיקע,...

דורות שפּעטערדיקע, ווייטע,
לעבט אייך איין אין אונדז'רע צייטן
און פאַרשטייט פון גאָט זיין טעות
און פאַרשטייט אונדז'רע צוואות,
ווו אַ יעדער אות איז טייער,
ווו א יעדער אות איז פייער,
אויף דעם סיני אָנגעצונדן!

אין דעם גורל, אין דעם בלינדן,
מוזן מיר צו גאָט דערגרייכן
און פאַרבלייבן ווי דער צייכן
פון פאַרבלוטיקטע מיליאָנען,
איבער וועלכע גאָט וועט טראָגן,
בכדי לעבן זאָל זיין תורה...

יאָ, געדענקט דאָס, ווייטע דורות
און פאַרשטייט פון גאָט זיין טעות
און פאַרשטייט אונדז'רע צוואות,
ווייל מיר זענען דאָקומענטן
פון אַ וועלט, אַ ווילד־פאַרברענטער,
און בית־עלמינס פון קדושים,
וועלכע מוזן גאָט באַרוישן...
יאָ, געלאָזט זיך גאַנץ פאַרצערן,
בכדי גאָט זאָל זיך דערנערן — —
צו ד ע ם
האָט ער א ו נ ז אויסגעקליבן,
נאָר דורך א ו נ ז איז ער פאַרבליבן
גאָט!...

# צווישן הימל, ערד און שטערן . . .

צווישן הימל, ערד און שטערן
לאָזט א יעדע נאַכט זיך הערן
אַ וווּנדערלעך געוויין — —

צווישן הימל, ערד און שטערן
מיט אַ שטראַלן־שריט, אַ שווערן,
בלאָנדזשעט גאָט אַליין...

שטעלט זיך אָפּ ביי הימלס טויערן:
„ווו איז דאָס, וואָס כ'האָב פאַרלוירן?
קומט דאָס נאָך צוריק?

יאָ, מיין פאָלק וועט לעבן תמיד!"
מורמלט עפּעס פון נקמה
און פאַרשטעלט זיין בליק...

צווישן הימל, ערד און שטערן
לאָזט אַ יעדע נאַכט זיך הערן
געטלעכער געוויין!...

## ייִדיש...

דאָס שאַנד־וואָרט, דאָס אַלטע, „זשאַרגאָן" איז געשטאָרבן!
צו הייליק, צו טייער געווען איז דער קרבן,
מיט וועלכן מיר האָבן געקרוינט דעם מזבח,
בעת אונזער ייִדיש האָט זיך געלייטערט...
נאָך פילט זיך פון רויך און פון פלאַמען דער ריח
פון אונדז'רע קדושים פאַרגאַזט און געשייטערט!

געברענט האָבן שטעטלעך און גאַסן און שטובן,
טיף אונטער די חורבות „זשאַרגאָן"־שאַנד באַגראָבן!
אויף ייִדיש זיך האָבן די מאַמעס געזעגנט,
אויף ייִדיש ביים לעבן באַוויינט זייערע קינדער!
מיט ייִדיש אויף ליפּן דעם תּליון באַגעגנט — —
ווי טייער איז ייִדיש, ווי הייליק אַצינדער!...

צי קענסטו פאַרשטיין שוין, ייִד, וואָס איז ייִדיש,
ביי וועלכעם דער אָרעמסטער פילט זיך נגידיש?
נישט זיידע מענדעלע, נישט הערש אָסטראָפּאָלער
האָבן דעראָבערט די הימלישע סטרונע,
אויף וועלכער דער גורל, די ייִדישע דאָליע,
זאָל צינדן אַ פייער פון טיפסטער אמונה...

נישט יצחק־לייב פּרץ, נישט שלום־עליכם
האָבן דערגרייכן געקאָנט יענע הויכן,
אויף וועלכע עס שיינט די העכסטע קדושה
פון האַרציקסטן י י ד י ש לדורות, לדורות,
צו שאַפן פון אים אַ קראַפט, אַ נביאישע,
פאַר וועלכער דער שונא זאָל פילן אַ מורא...

אויך נישט ר' נחמן מברצלב הקדוש
האָט אונז לדורות געהייליקט זיין ייִדיש!
ניין, ניין, נישט קיין יחיד קאָן דאָס דערגרייכן,
אַ נייעם הר־סיני טיף צו פאַרפלאַנצן,

ס'זאָל קומען אַ בת־קול פון פלאַמיקסטן צייכן,
וואָס אייביק זאָל בלייבן געהייליקט אינגאַנצן.

אַ צווייט לשון־קדוש איז היינט אונזער יידיש!
רבנים־כהנים פול התלהבות און חסידיש,
וואָס פילן אין לשון דעם בראַנד פון נר־תמיד,
וואָס פילן אין יידיש דאָס בלוט פון די קינדער,
קלאַפּן מיט פויסטןביים הייליקן עמוד
און וועקן די יוגנט צו יידישע וונדער!...

# ווי אין אַ סודות׳פולן ברונעם...

ווי אין אַ סודות׳פולן ברונעם
טרוימט אין מיר מיין בלוט.
ס׳מורמלט שטיל און אָנגעווייטיקט
נעמען, נעמען, נאָענטע נעמען
פון אַ נאָענט־געטרייעם פּנים!
ווי אין אַ סודות׳פולן ברונעם,
ווי אַ כוואַליע אויף אַ ראָד...

דרייט דאָס ראָד זיך ווי אַ מיל־ראָד
אין אַ וואַסער־פאַל פון בלוט...
יעדער ראָד־שפּייך איז אַ נאָמען,
יעדער ראָד־שפּייך איז אַ גורל
און אַ תפילה ווי פאַר גנאָד...

דרייט דאָס ראָד זיך ווי אַ באַלעם,
קיילעכדיק, ווי אונזער וועלט — —
צווישן רויטע וואַסער־פאַלן,
צווישן פייערדיקע קוואַלן,
ווו עס שפּרודלט, זידט און קוועלט...

פּלוצלינג קומט אַ ווילדער שטורעם
און דאָס מיל־ראָד ווערט צעשטערט,
אויפגעהערט האָט באַלד זיין קרייז־לויף,
יעדער גורל אויפגעהערט...

צווישן רויטע וואַסער־פאַלן,
צווישן פייערדיקע קוואַלן
אָפּגעשווענקט אַלץ, אָפּגעשווענקט !...

ס׳מורמלט שטיל און אָנגעווייטיקט
טיף אין מיר מיין בלוט, וואָס קרענקט ;
ס׳מורמלט, ס׳מורמלט, ווייל ס׳געדענקט...

ס'מורמלט, ס'מורמלט, ווייל עס בענקט
אַלץ נאָך דעם, וואָס אָפּגעשוווענקט!
נאָך אַ גורל, נאָך אַ פּנים,
נאָך אַ האָפענונגס־ליד פון מוט...

ווי אין אַ סודות'פולן ברונעם
טרוימט אין מיר מיין בלוט...

# צו מיין שטאָט!

לוואָוו, די שטאָט פון הונדערט־פופציק טויזנט יידן,
די שטאָט פון פריינט, פון קרובים און חברים,
ווו ייִדישקייט פלעגט אין די גאַסן זידן —
ווו ביסטו היינט, פאַרפינצטערט ווי אין חרם ?!

ווו זענען דיינע שולן און ישיבות,
דיינע חדרים און די וואַרימע קלויזן,
דיינע דיינים פול מיט שאלות־תשובות,
דיין הייליק היכל פון דער „גאָלד'נער רויזע"... ?

ווו איז דיין לוואָווער יידיש האַרץ צערינען,
דיין ליכטיקייט, דיין קונסט און דיין עשירות ?
נאָר אין מיין האַרץ איך קען דיין האַרץ געפינען,
אין מיר פאַרמאַכט זען דיינע שוואַרצע בשורות...!

העלפט מיינע יאָרן זענ'ן מיט דיר געשטאָרבן,
מיין איינציק קינד איז דאָרט מיט דיר פאַרזונקען !
כ'האָב דיר, מיין שטאָט, געבראַכט מיין טיפסטן קרבן :
מיין קרוין אין בלוט און טרערן איינגעטונקען !...

# דערמוטיקונג...

« *Non flere — sed intelligere...* ».
(נישט וויינען — נאָר באַגרייפן...)

SPINOZA

האָבן שוואַלבן זיך צעטרייסלערט,
ווי חזנים׳לעך צעגאָרגלט
פריש אין פרילינגס הימל־בלוי — —

שוואַלבן שפּיצעדיקע, קליינע,
פּיילן ווי פון פּיילן־בויגן,
אויסגעשאָסן ווי פון קינדער
אין אומענדלעכקייט פון וועלט...

אויסגעשאָסן אין די הימלען,
ווי צום וועט־לויף מיט די וואָלקנס — —

ס׳טראָגט אין פלי זיך ווי אַ פייפן,
ווי פון זילבער־סטרונעס קלאַנגען,
ווי אַ ליבעס־שיר פון בענקשאַפט...

ס׳קלינגט אין פלי פון פלינקע שוואַלבן
ווי אַ תהלים־ליד פון פליגלען,
ווי אַ הלל־שבח פון לייכטקייט...
ס׳פליט אַ ריח־קלאַנג פון זאַלבן,
ס׳קלינגט דער פרילינג פון די שוואַלבן,
פול מיט זאַפט פון פרישער ערד,
פון דעם הימל פריי דערנערט...

זעט די שוואַלבן, הערט די שוואַלבן,
די חזנים׳לעך צעגאָרגלט
אין דעם יום־טובדיקן פלי...

וויפל פרייד זיי אונז דערציילן!

שוואַלבן קליינע, ווי די פיילן,
פול מיט שפרינגנדיקן פליִ־שפיל
טראָגן ליים און בויען נעסטן
און זיי פרייען זיך און זינגען
הלל! הלל! און פאַרשטייען,
אַז ווער ס'איז נאָך דאָ געבליבן,
האָט צום בויען זיך פאַרשריבן,
ווייל נאָר בויען מוז מען, בויען!

כאָטש צעשטערט זע'ן אַלטע נעסטן,
מוז מען בויען נייע, פרישע,
סיי פאַר זיך, סיי פאַר די יונגע...
בויען פאַר די פרישע פליגלען
שיינע, שטאַרקע, א י י ג ע נ ע נעסטן!...
פליען זיי, אַזש אַ מחיה!
אָן מחשבות פון לוויות,
מיט אַן אויפשוונג, מיט אַ נייעם,
העכער, ווייטער, פלינק און און פריי — —
שוואַלבן, שוואַלבן בלייבן זיי!

נאָר קאָן דען יעדער זיין אַ שוואַלב?...



געשריבן בעת — און נאָך דער מלחמה
1950—1943
אין סאַמאַרקאַנד, לאָדזש און פּאַריז.

# אינהאַלט:

אין לייט־אַרטיקל פון דעם ניו־יאָרקער
„פֿאָרווערטס" פונם 1־טן יולי 1949
דרוקט דער שרייבער און קריטיקער
**חיים ליבערמאן** — איבער
דאָס ליד „ווו נעמט מען?" (זייט 43)
און שרייבט וועגן דיכטער שמעון שפּונד
(שם שיר) צוו. אַנד.:

„איך בין זיכער, אַז איך וועל שוין זיין נאָמען קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן אויך, צוליב דעם זיסן, בעסער געזאָגט — ביטער־זיסן טעם פון זיינע פערזן, וועלכע דריקן אויס די געפילן פון אַלע יידן אין דער היינטיקער צייט!

איינער פון אונדזערע קאָמפּאָזיטאָרן וואָלט געדאַרפט פֿאַרפאַסן מוזיק צו די פערזן, אַז מיט רעכט־צוגעטראָפּענער מוזיק וואָלט דאָס לידעלע געקענט ווערן אַ קוואַל פון זיסער הנאה אין יידישע הייזער.

די דאָזיקע פרעגנדיקע שורות פֿאַרשטשעמען ביים האַרצן: וועלכער ייד וועט זיך איבער זיי נישט פֿאַרבענקען? די בענקשאַפט וואָס ליגט אין די עטלעכע פערלדיקע, פֿאָלקסטימלעכע פערזן, איז די בענקשאַפט וואָס פילט אָן די גאַנצע יידישע סביבה אין דער גאַ־רער וועלט אין דער היינטיקער צייט. ס'איז די הערשנדיקע, יידישע שטימונג זינט דעם גרויסן חורבן".

